*J. Opatoshu*

# DER MISCHPET

## (El Juicio)

CUENTO PARA NIÑOS

*Editado por la revista*

ARBOLITOS  ARGENTINOS

SERRANO 436 BUENOS AIRES
República Argentina
1952

אַ מתּנה פֿון „ווילנע"

VI-10-1954



י. אָפּאַטאָשו

# דער משפּט

איליוסטרירט: וו. ווײַנטרויב און משה פייגענבלום

פאַרלאַג ב. איירעס

אַרגענטינער ייִמגעלצער



דנעלען — מיין פינף־יעריקן אייניקל

# יוסף אָפּאַטאָשו

## (קורצע ביאָגראַפיע)

וסף אָפּאַטאָשו (יוסף־מאיר אָפּאַטאָווסקי), איז געבוירן געוואָרן אין סטופּסקער וואַלד, הינטער מלאווע, אין ניטל, פּלאָצקער גובערניע, פּוילן, דעם 24־טן דעצעמבער 1886.

אין 1891, ווען ער איז אַלט געווען 5 יאָר, זיינען זיינע עלטערן אַוועק פון סטופּסקער וואַלד און זיך באַזעצט אין מלאווע.

זיין פאָטער דוד איז געווען אַ וואַלד־סוחר און אַ ייִד אַ גרויסער למדן. זיין מוטער נאַנטשע, אַ געבוירענע און דערצויגענע אין וואַלד, האָט געשטאַמט פון וואַלד־יידן.

אין קיין חדר האָט כמעט אָפּאַטאָשו ניט געלערנט. צו זיי אין שטוב איז אַריינגעקומען אַ מלמד, ווען זיין פאָטער האָט ספּעציעל געבראַכט פון וואַרשע. שפּעטער גיט מען אים אַריין אין אַ רוסישער שול און יידישע לימודים לערנט ער ביי זיין טאַטן. צו 12 יאָר פאַרענדיקט ער די רוסישע פאָלקס־שול און צו 15 יאָר שיקט מען אים אַוועק לערנען אין אַ האַנדלס־שול אין וואַרשע.



י. אָפּאַטאָשו

י. אָפּאַטאָשו האָט שטאַרק ליב געהאַט צו לייענען ביכער. ביי זיי אין הויז איז געווען אַ העברעישע ביבליאָטעק. ער האָט זיך פון די ביכער ניט געקענט אָפּרייסן און אייניקע פון זיי לערנט ער אויס אויף אויסנווייניק. זיינע באַליבטע שרייבער זיינען געווען: בערדיטשעווסקי און י. ל. פּרץ. ער לייענט אויך ביכער פון דער פּוילישער און רוסישער ליטעראַטור.

סוף 1905 פאָרט ער אַוועק אין דער שטאָט נאַנסי (פראַנקרייך) און טרעט דאָרטן אַריין אין פּאָליטעכניקום צו שטודירן אויף אינזשעניער. ניַשט האָבנדיק קיין מיטלען צו קענען ווייטער פאָרזעצן דאָס לערנען, קומט ער סוף 1906 צוריק קיין פּוילן, וווּ ער פאַרנעמט זיך ווידער מיט זעלבסטבילדונג, לייענט אַ סך, פּרוּווט אַליין שרייבן דערציילונגען. דעם 11־טן מערץ 1907 וואַנדערט ער אויס קיין אַמעריקע (פאַראייניקטע שטאַטן). ער אַרבעט אין אַ פאַבריק, פאַרקויפט צייטונגען אין גאַס, אַרבעט אַלס לערער אין אַ תּלמוד־תּורה. אין די פריַיע שעהן זעצט ער פאָר זיין שטודיום אויף אינזשעניער, וואָס ער האָט מיט אַ צייט צוריק איבערגעריסן אין פראַנקרייך. אין 1914 פאַרענדיקט ער אַלס אינזשעניער, אָבער ער גיט זיך זייער ווינציק אָפּ מיט זיין פאַך. ער איז שוין דאַן אַריינגעטאָן אין ליטעראַטור.

אין 1910 דרוקט ער אָפּ זיין ערשטע דערציילונג „אויף יענער זייט בריק", אין זאַמלבוך „ליטעראַטור"; אין 1912 דרוקט ער „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב". ער באַנוגנט זיך ניט מיט שרייבן, פאָרשט די יידישע געשיכטע, פאַרטיפט זיך אין דער אַלטער ליטעראַטור, זוכט צו פאַרבינדן דעם אַלטן מיטן נייעם. שרייבט אָן די ווערק: „אין די פּוילישע וועלדער", „אַ טאָג אין רעגענסבורג", „רב עקיבא" און אַ סך אַנד., וועלכע מאַכן אים וועלט באַרימט.

ביז היינט האָט אָפּאַטאָשו פאַרעפנטלעכט, אין בוך־פאָרעם 31 ביכער. זיינע דערציילונגען ווערן געדרוקט אין אַ סך צייטונגען און זשורנאַלן און זיינע ווערק זיינען איבערזעצט געוואָרן אין צענדליקער שפּראַכן. ער ווערט פאַררעכנט היינט, פאַר איינעם פון די גרעסטע יידישע שרייבער, זיינע ראָמאַנען און קורצע דערציילונגען האָבן אַ בריליאַנטענעם סטיל און זיינען זייער באַלערנדיק. ער שרייבט אויך פאַר קינדער און איינע פון זיינע גלענצנדע דערציילונגען ברענגען מיר דאָ פאַר אייך.

זעליק מאַזור



## א.



מחה פישער, אַ פאַרגרעבטער מגור־שמדיקער ייד, האָט געוווינט אין שכנות מיט פּנחס „שרייבער". שמחהס פויעריש הייזל מיטן שטרויענעם דאַך, שוואַרץ פון אַלטקייט, איז געשטאַנען ביים עק פון דער זשאָל־דעווקע, וווּ זי שניידט זיך, ווי אַ טרעפּ, צווישן שפּיצי־קע סקאַלעס און פאַלט מיט אַ רויש אין דער ווייסל אַריין. און פון דערווייטנס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס הייזל איז אויסגעוואַקסן פון די סקאַלעס, וויגט און שווענקט זיך אין וואַסער, ווי אַ בערלינקע, און אַרום און אַרום פלעכטן זיך זילבערנע סטענגעס.

דער פישער מיט דריי בנים זיינען געשטאַנען אַן קאַפּאָטעס, באָרוועס, מיט פאַרשאַרצטע איבער די קניען הויזן, און האָבן געשמירט מיט קעז גרויסע צווייי־אויעריקע עמערס. שמחהס ווייב, אַ געזונטע, רויטע ידענע, ווי אַ פויערטע, מיט אַ ווייס דרייעקיק טיכל אויפן קאָפּ, איז געשטאַנען אַ באָרוועסע, מיט ברייטע צונויפגעוואַקסענע, ווי ביי אַ גאַנדז, פינגער און האָט פאַררייכט גרויסע, געשטריקטע שאַטקעס. די מענער האָבן אַריינגעלייגט שטיינער אין די עמערס, דער שטראָם זאָל זיי נישט אַוועקטראָגן. און אַז אַן עמער איז פול געוואָרן מיט פיש, האָבן זיי גיך אָנגעצונדן שטיקער קין, די פיש זאָלן ניט זען וווּ צו אַנטלויפן און האָבן דעם עמער אַרויסגעשלעפּט. די צאַפּלדיקע פיש האָט מען אַריינגעלאָזט אין די געשטריקטע שאַטקעס און זיי אָנגעהאַנגען אַן אַ פּליט, וואָס איז געשוווּמען אין וואַסער, צוגעבונדן צום ברעג מיט גראָבע שטריק.

אויף דעם פּליט איז געזעסן שמחהס מזיניק, זעליק, אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען מיט אַ וואָרצל לעבן אויער, און האָט געוואָרפן קרישקעס אין אַ פלאַש מיט וואַסער, ווו אַ גאָלדן פישל איז אַרומגעשוווּמען.

זעליק איז געוואַקסן אין וואַלד ווי אַ ווילדע ציג. אָפט פאַרפאַלן געוואָרן אויף עטלעכע טעג, זיך מיטגעכאַפּט מיט אַ בערלינקע זאַלץ, וואָס איז פאַרבייגעשוווּמען, און אין דער היים האָט ער קיינעם נישט אויסגעפעלט. און איינמאָל, אַז ס'איז דורך אַ וואָך און זעליק איז נישט אַהיימגעקומען, האָט די מוטער גע־

לאָזט פאַלן אַ וואָרט. אַלע האָבן געשוויגן. און נישט בחנם! ווען זעליק איז געבוירן געוואָרן מיטן וואָרצל, האָט די מוטער זיך דערשראָקן און געשיקט נאָך דער אַלטער „טשאַראָווניצע", *) זי זאָל אים אָפּשפּרעכן.



די מכשפה האָט געהייסן דעם קליינעם זייער היטן. אַז נישט, וועט די קייסערן פון דער ווייסל, די הייליקע וואַנדע, אים צונעמען.

און דער פישער מיט די בנ"ים האָבן געגלייבט באמונה שלמה, אַז דאָס שטיק וואַסער, וווּ זיי וווינען, מוז צונעמען אַ מענטש, דען דער פאַנג ווערט שוואַכער פון יאָר צו יאָר. דאָס וואַסער פאָדערט זיינס — דעריבער גייט זיי אַזוי שלימזלדיק.

*) מכישפה.

און יעדעס מאָל, ווען זעליק איז פאַרפאַלן געוואָרן אויף עטלעכע טעג, האָבן אַלע געשוויגן און ביי זיך האָט יעדער געטראַכט, אַז דאָס וואַסער האָט שוין זיין קרבן. איז, ווי אויף צו להכעיס, דער קליינער יעדעס מאָל צוריקגעקומען. די ווייסל האָט אים שוין דריי מאָל אַרויסגעוואָרפן. דעריבער האָט שמחה ניט געוואָלט וויסן פון דעם יינגל, אים ניט געלערנט קיין יידישקייט, איז טאַקע זעליק אַרומגעגאַנגען קרועה בלועה.

— וואָס האָסטו זיך אַוועקגעזעצט, וואָס, בהמה דו — האָט די פישערן אַ געשריי געטאָן צו זעליקן — גיי אַריבער צום „שרייבער" און פרעג וויפל פיש מען זאָל שיקן אויף שבת.

דאָס יינגל האָט געכאַפּט די פלאַש מיטן גאָלדענעם פישל און זיך געלאָזט איבערן וואַלד.

זעליק האָט געטראַכט, אַז ווען ער וועט עלטער ווערן, וועט ער נישט כאַפּן קיין פיש מיט עמערס. ער וועט זיך אויסבויען אַ פליט און כאַפּן פיש מיט סיטשן. און אַז ער וועט רייך ווערן (און רייך ווערן וועט ער געווים), קויפט ער זיך אַ פּאָר גומענע שטיוול מיט לאַנגע כאָלעוועס, וואָס פאַרבינדן זיך מיט אַ שנאָל אַזש אונטערן בויך, אַ לעדערן רעקל און ער וועט אַרומפאָרן אין די וואַסערן אין אַן אמת פישער־שיפל, מיט אַזאַ גרויס ראָד. דעמאָלט וועט ער זיך אויסבויען פונקט אַזאַ הויז מיט אַ גלעזערנער וועראַנדע, ווי פנחס שרייבער האָט. און טאָמער גאָר אַוועקשענקען דאָס גאָלדענע פישל רחלען? זי איז דאָך מיט אים שוין ברוגז דעם צווייטן טאָג! ער האָט איר שוואַרצער קאַץ דעם

עק אָפּגעהאַקט. אַ שיינע ריינע כּפּרה! אַז די פיש וואַרפן דעם רויגן, דאַרף זי זיך נישט פאַרגנבענען און אויפפרעסן זיי! יאָ, דאָס פישל וועט ער אַוועקשענקען רחלען. אמת, גאָלדענע פישלעך וואַלגערן זיך נישט אין דער הייסל, נאָר גאָרנישט, ער וועט עלטער ווערן, וועט ער כאַפּן אַ וואַלפיש, אים אויסהײלן, זיך אויפנייען פון דער שופן־פעל אַ פּאָר הויזן מיט אַ ראָק צוזאַמען, ווו די בלויזע אויגן זאָלן זיך נאָר אַרויסזען, און ער וועט זיך אַ לאָז טאָן מיט אויפגעשטעלטע פליספעדערן צו די גאָלדענע פישלעך. ער ווייסט, אַז זיי ווינען אין די טיפסטע קעסל־גריבער. ער וועט אָבער רחלען אָנזאָגן, זי זאָל טוישן דאָס וואַסער און אַריינוואַרפן עטלעכע קרישקעס.

אויף דער ווערענדע איז געזעסן רחל און זיך אויסגעטענהט מיט דער שוואַרצער קאַץ, וואָס איז געלעגן מיט אַ געשוואָלענעם רוקן אין אַן אויסגעבעטן קאַשעק:

— מיין אָרעם קעצל! ס׳טוט דיר וויי? נו, וויין נישט! מיקאָלאַי זאָגט, ס׳וועט זיך פאַרהיילן. דערפאַר וועט זעליקס וואַרצל ווערן אַזוי גרויס, אַזוי גרויס, זעסט, אַזוי! — און זי האָט צעשפּרייט ביידע הענטלעך — וועט דאָס זיין מיאוס — האָט רחל זיך צעלאַכט — זעליק מיט אַן עק אויף דער באַק!

זעליק איז אונטערגעקומען:

— רחל, זעסט, כ׳האָב אַ גאָלדן פישל! ווילסט עס?

רחל האָט זיך אויסגעדרייט און אַראָפּגעלאָזט אַ ליפּ:

— כ׳בין ברוגז !
— פאַרוואָס ביסטו ברוגז ?
— ווייל ביסט אַ גזלן !
— אַז דער טאַטע האָט מיר געהייסן, אויף מיין וואָרט ! ער האָט נאָר געהייסן כאַפּן דיין קאַץ אין אַ



זאַק אַריין און זי אַראָפּוואַרפן פון בערגל, אַזוי, פּליוך, אין וואַסער אַריין!

— און מיינסט, ס'וועט דיר זיין געשאָנקען? גאָט וועט דיך שטראָפן! מיקאָלאַי זאָגט, אַז דיין וואָרצל מוז ווערן אַזוי גרויס, ווי דער אָפּגעהאַקטער עק.

זעליק איז אויף אַ מינוט צעמישט געוואָרן, זיך אָנגעכאַפּט פאַר־דער באַק און אים האָט זיך בעת מעשה מיט אַן אמת אויסגעדאַכט, אַז דער וואָרצל ווערט לענגער.

— ס'איז אַ ליגן! אין וויפל וועטסטו זיך, אַז מאָרגן האָב איך אים שוין נישט? כ'האָב אַזאַ מיטל!

— וואָס פאַר אַ מיטל?

— מע שמירט אים אוים מיט טויבן־בלוט עטלעכע מאָל, ווערט ער פאַרדאַרט און פאַלט אַראָפּ.

— טאָ פאַרוואָס טוסטו עס נישט?

— ווייל די מאַמע זאָגט, דער וואָרצל איז מזלדיק און אַז כ'וועל אים אַראָפּנעמען פאַר 13 יאָר, וועט ס'מזל אַנטלויפן.

— און דו ביסט מזלדיק?

— אוודאי, זעסט, מיך האָט די ווייסל שוין דריי מאָל אַרויסגעוואָרפן... און כ'וואָלט אַפילו אין ים אויך געקאָנט שווימען! מיין טאַטע איז שוין אַזוי לאַנג פישער און האָט נאָך קיינמאָל קיין גאָלבן פישל נישט געכאַפּט. און איך ווייס, ווו זיי וווינען אויך! און דו ווייסט נישט!

— ווו?

— אין קעסל־גריבער!

— ועליק, ס׳איז אמת, אַז אַ קעסל־גרוב מוז יעדעם יאָר צונעמען אַ מענטש?

— אוודאי, זיי ווינען דאָרט מיט די גאָלדענע פּיש־לעך! דו ווייסט, אַז כ׳וועל עלטער ווערן, וועל איך אַהין זיך אַראָפּלאָזן צו די גאָלדענע פּישלעך.

— און אַז זיי וועלן דיך נישט אַרויסלאָזן?

— זיי וועלן יאָ אַרויסלאָזן!

— און וואָס וועסטו דאָרט טאָן?

— ווייסט וואָס, דאָרטן ליגן אַלע ים־אוצרות, וועל איך זיך אָנלייגן פולע קעשענעס מיט גאָלד און ברי־ליאַנטן און קומען צוריק.

— און וועסט מיך אויך מיטנעמען?

— דיך? אַז ביסט ברוגז!

— אוודאי בין איך ברוגז!

— וועל איך דיך נישט מיטנעמען!

— טאָ נעם נישט!

— טאָ גיב מיר אָפּ ס׳גאָלדענע פּישל!

— ס׳גאָלדענע פּישל? טאָ פאַרוואָס ביסטו אַזאַ שלעכטער, נעמסט מיין קעצל און — — —

— אויף מיין וואָרט, כ׳וועל מער דעם עק נישט אָפּהאַקן!

— אַז דו האָסט שוין אָפּגעהאַקט!

— רחל, וווּ ביסטו? ס׳עסן ווערט קאַלט — האָט די אַלטע דינסט גערופן פון שטוב אַרויס.

— כ׳גיי שוין — האָט רחל געענטפערט און זיך אויפגעשטעלט.

— קום מאָרגן צו אונדז, רחל, באָטשאַנעס (בוש־לען) זיינען שוין געקומען צו פליען, וועסט קומען ?

— כ'וועל קומען.

רחל איז אַריין אין שטוב.

ב.



ער וואַלד האָט פריילעך גערוישט, געשמעקט מיט קאַליפאָניע. *) זעליק, אַן אָפּגעברענטער, ווי אַ ציגיינערל, איז זיך געגאַנגען אַ באָרוועסער איבערן וואַלד, אויסגעמיטן די סטעזשקע, וווּ אַלע גייען, געשפּרייזט איבער דער שוואַרצער, זומפּיקער, מיט מאָך באַוואַקסענער ערד און הנאה געהאַט ווי די קילע, פייכטע ערד צעגייט און פּידלט אונטער זיינע פּיסלעך, ווי גוט אויסגעקנאָטן טייג. דאָס יינגל האָט געהאַלטן אַ שליסל אין מויל און געפּייפט אויף האָב די וועלט שטייט.

רחל, אַ פריילעכע, מיט צעפלאַמטע בעקלעך, מיט די שיך און זאָקן אין די הענט, איז דעם יינגל נאָכגעגאַנגען.

שטראַלן, וואָס זיינען געווען באַהאַלטן טיף אין וואַלד, האָבן מיטאַמאָל גענומען שטיפן, זיך פלעכטן אַרום רחלען. די שטראַלן האָבן זיך פאַרגנבעט פון

*) קאַליפאָניע — וואַקס פון סאָסנאָווע ביימער איינצורייבן פידל־סטרונעס.

הינטן, איר אַ קוש געטאָן, צוריק אָפּגעשפּרונגען און מיט אַמאָל זי אַ גאָס־אָפּ געטאָן מיט אַזאַ זילבערנער ליכטיקייט, אַז רחל האָט אַזש פאַרזשמורעט די אויגן און אַרויסגעלאָזט אַ פריילעכן קוויטש.



פייגל זיינען געוואָרן לעבעדיקער, האָבן זיך אַרויס־געריסן מיט אַ פּאַטשערײַ פון טיפן גראָז, זיינען גע־בליבן הענגען אַנטקעגן דער צעפלאַמטער זון און האָבן זיך צעטרעלט. דער וואַלד האָט פריילעך גע־רוישט, געשמעקט מיט קאַליפאָניע.

און עס האָט זיך געדאַכט, גלייך מחנות פידל־שפּי־לער זיינען צעוואָרפן איבערן וואַלד, ווערן אַלץ מידער, הערן ביסלעכווייז אויף צו שפּילן — האָבן די פידל־שפּילער דערזען, ווי אַ יונג פּאָרל שטייט האַנט אין

האַנט באָרוועסע אויף דער פייכטער ערד, האָבן זיי זיך דערפילט יינגער, ראַש און ראַשער גענומען רייבן זייערע בויגנס אָן געל־רויטלעכע שטיקער קאַליפאָניע, און די הויכע סאָסנעס, ווי אָנגעצויגענע סטרונעס, האָבן אַ ציטער געטאָן, זיך צעברומט, ווי אַ ווייטער שטילער ים: יוגנט! יוגנט!

* * *

אַרויסגייענדיק פון וואַלד, האָט דאָס פּאָרל זיך אָפּגעזעצט אויפן ברעג פון דער ווייסל און גענומען שווענקען אין דעם דורכזיכטיקן וואַסער זייערע בלאָ־טיקע פיסלעך.

אויף דער צווייטער זייט ווייסל האָבן זיך געצויגן ברייטע גרינע לאָנקעס, דורכגעוואָרפן מיט געלן „כאַ־בער" (פעלד־בלימלעך).

איבער דער לאָנקע איז אַרומגעגאַנגען אַ ווייסער בושעל מיט אַ שוואַרצן עק. ער האָט געהויבן זיינע רויטע פיס, ווי שטאָלצן, גדלותדיק פאַרריסן זיין לאַנגן האַלדז מיטן רויטן שנאָבל און געשלונגען מיט אַ „קליו־קליו" גרינע זשאַבקעלעך. און אַז די זון איז אַרויסגע־שווומען פון הינטער אַ וואָלקן און גענומען באַקן, האָט דער בושעל זיך אָפּגעשטעלט אויף איין פוס, באַ־האַלטן זיין רויטן שנאָבל מיט אַ האַלבן קאָפּ אונטער אַ פליגל און איז אַזוי געבליבן שטיין אויף דער גרינער לאָנקע, ווי אַן אויסגעמאָלטער.

— רחל, ווייסט וואָס וואָלט געווען אַ גוטע זאַך?

— וואָס?

— טאָ שווער זיך, אַז וועסט קיינעם נישט דער־ציילן!

— אָסור נישט!

— גיי, כ׳האָב מורא, וועסט יאָ דערציילן!

— אויף מיין וואָרט, נישט, זעליק!

— געדענק! — און זעליק האָט אויפגעהויבן אַ פינגער צו דער נאָז — ווייסט וואָס מיר איז איינגע־פאַלן?

— וואָס?

— דו וועסט נישט טרעפן! — האָט זיך זעליק צעלאַכט.

— זאָג שוין! — האָט רחל זיך געבעטן, אָנגעגנו־מען זעליקן ביי אַ האַנט און געריבן איר נאָס פיסל אָן זיינס.

— דו ווייסט, ווען מיר קריגן אַ גענדזן איי, אוי, וואָלט דאָס געווען גוט!

— צו וואָס דאַרפסטו אַ גענדזן איי?

— כ׳וואָלט עס אַריינגעלייגט אין נעסט צו די באַ־טשאַנעס, וואָלט אַרויסגעקומען אַ האַלבער באַטשאַן און אַ האַלבע גאַנדז.

— און דער באָטשאַן וועט דיך צולאָזן?

— כ׳וועל עס פּאַרטאָג אַריינלייגן, ווען ביידע פליען אַוועק.

— זעליק, דו ווייסט ווער עס ברענגט קליינע קינ־דער? ברײנע זאָגט, אַז אַ באָטשאַן ברענגט אַ קליין קינד אין אַ קאָשעקל. ווו ווינען אַלע קינדער?

— אין הימל!

— און אַז ס׳רעגנט ?

— אַז ס׳רעגנט ? כ׳ווייס נישט ! מסתמא באַהאַלטן זיי זיך, ווען די וואָלקנס גייען אַראָפּ צו דער ווייסל זיך אָנטרינקען.

— און דער באָטשאַן, וואָס שטייט אויף דער לאָנקע, קאָן ברענגען קליינע קינדער ?

— אַוודאי !

— זעליק, און אַז איך וועל שטאַרק וועלן, וועט דער באָטשאַן מיר אויך ברענגען אַ קינד ?

— אַוודאי ! — און זעליק האָט אויסגעשטרעקט די הענט — אַזאַ באַרג מיט קינדער !

אַ צווייטער בושעל, עפּוואָס אַ קלענערער, מיט אַ ווייסן פליגל, ווי אַן אָפּגעקאַלכטער, האָט זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט. דער „ער", וואָס איז געשטאַנען אין מיטן דער לאָנקע, האָט זיך ווי אויסגעטשוכעט, צעשפּרייט די פליגל, פאַרריסן דעם לאַנגן האַלדז, זיך פאַנאַנדערגעגענעצט און גענומען לויפן אַרום און אַרום דער „זי" מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשריגן — קליאַ־קליאַ — דער „ער" האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעהויבן זיין רויטן, עפּוואָס צעעפנטן שנאָבל, ווו ער האָט געהאַלטן אַ גרינ זשאַבקעלע, וווּלעריש געקוקט אויף דער „זי", ווי ער וואָלט געזאָגט: „ביי מיר וועט זיין אַ ווייב נישט שטאַרבן פון הונגער", און עס איז אונטערגעטראָגן. בשעת די „זי" האָט זיך געקרעקט, געהויבן דעם האַלדז, געגלאָצט מיט די אויגן און געשלונגען דאָס זשאַבקעלע, וואָס האָט זייער קיין חשק

ניט געהאַט צו מאַכן אַ שפּאַציר איבערן בושעלם גרגרת, האָט דער „ער" איר עטלעכע מאָל פון ליב־שאַפט וועגן אַ פּיק געטאָן מיטן שנאָבל, איינגענורעט זיין קאָפּ צו איר אונטערן פליגל און עפּעס געזוכט. ער האָט זיך צוריקגעזעצט, גענומען פּאַטשן מיט די פליגל, איז געפלויגן נידעריק אַרום דער „זי", האָט געמאַכט חנדלען מיטן בויגיקן, קלוגן האַלדז און דער תמיד שטי־לער פויגל האָט זיך צעזונגען: קליאַ־קליאַ־קווע, קליאַ־קליאַ־קווע! —

זעליק איז אַרויס פון וואַסער.

— גיי שוין אַהיים, רחל, און ברענג אַן איי, איצט איז דאָס נעסט ליידיק. גיכער, טו אָן די שיך!

רחל האָט אַ פריילעכע אָנגעטאָן די שיך, זיך גע־פילט באַקוועמער און אַ שפרונג געטאָן.

— נו, וואָס גייסטו נישט? — האָט זעליק געפרעגט.

— כ'פויל זיך אַליין!

— וועל איך מיט דיר מיטגיין, קום!

און די קינדער, אָננעמענדיק זיך פאַר די הענט־לעך, זיינען שפּרינגענדיק פאַרשוווּנדן אין וואַלד.

ג.



עליק איז אַ פריילעכער צו צו דער סטאַדאָלע, ווו די בושלען האָבן געהאַט דאָס נעסט, האָט גענומען פון רחלען דאָס איי, עס צוגעהאַלטן מיט די ליפּן און לייכט, ווי אַ קאַץ, גענומען קלעטערן אויף דער גלייכער ליימענער וואַנט.

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר אַן אָפענער קראָקווע, געוואַרט אַ ביסל, ווי ער וואָלט געזוכט דאָס גלייכגע־וויכט און זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן קערפּער אויפן דאַך. דאָס נעסט איז באַשטאַנען פון אַן אַלטער, הילצערנער בראָנע. אין דער בראָנע איז געלעגן אַ קויש, אויסגע־בעט מיט גראָז און צווייגן. אַ טוכלער ריח פון פיש, זשאַבעס און הינדלער האָט זעליקן אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. אין דעם נעסט זיינען געלעגן דריי גרויסע אייער. זעליק האָט אַרויסגענומען אַן איי, אַריינגעלייגט אַנשטאָט דעם דאָס געגדזענע און געוואָלט זיך אַראָפּ־לאָזן פון דאַך, ווי ביידע בושלען האָבן זיך מיט אַמאָל באַוויזן און זיך געטראָגן מיט צעשפּרייטע פליגל גלייך אויף זעליקן. זעליק האָט נאָך צייט געהאַט אַראָפּצו־שפּרינגען, נאָר ער האָט זיך אַזוי דערשראָקן, די בוש־לען זאָלן אים נישט צעפּיקן, אַז ער איז געבליבן אַ רגע שטיין מיט דעם איי אין ביידע הענט.

רחל האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש:

— זעליק, שפּרינג אַראָפּ!

זעליק האָט זיך איינגעקאָרטשעט, פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט, ווי איינער וואָס דערוואַרט קלעפּ, און גענומען זיך אַראָפּגליטשן פון משופּעדיקן דאַך.

דער „ער", דורכפליענדיק, האָט אויסגעצויגן זיין לאַנגן האַלדז, זיך פאַרמאָסטן מיט זיין שאַרפן שנאָבל זעליקן אין פּנים אַריין. זעליק האָט אויסגעמיטן דעם בושעלס שנאָבל, געכאַפּט אַ פּיק אין דער פּלייצע און

איז אַראָפּגעפאַלן פון דאַך, ווי אַ שטיין. דאָס איי האָט זיך צעשפּריצט און אָפּגעגאָסן זעליקן מיט אַ געלער פליסיקייט.

רחל האָט געמיינט, אַז זעליק איז געווים טויט פון דעם קלאַפּ, האָט זי זיך גענומען אויסקנייפּן שטיקער פליש, געפאַלן לעבן זעליקן אויף די קניען, אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענטלעך, גענומען קושן און זיך צעוויינט:

— זעליקל, טייערער מיינער, ס'טוט דיר ווי, זאָג? אַלץ בין איך שולדיק! צו וואָס האָב איך געבראַכט דאָס איי?

אַז זעליק איז פון דעם קלאַפּ צו זיך געקומען, האָט ער דערפילט אַ ווייטיק אין דער פּלייצע און זיך דערמאָנט, אַז דער בושעל האָט אים אַ פּיק געטאָן. רחל, דערזעענדיק, אַז פון רעקל רינט בלוט, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קעפּל.

— אוי, מאַמעשי, בלוט!

און זי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט לעבן זעליקן אויף די קניען און אים גענומען בעטן:

— זעליקל, טייערער מיינער, קום צו אונדז, ברענג וועט דיר עפּעס צולייגן, זי וועט, אסור, קיינעם נישט דערציילן, וועסט זען, כ'בעט דיך, זעליקל, קום!

זי האָט אים אַ קוש געטאָן און זיך צעוויינט:

— אַלץ איבער מיר!

זעליק, זעענדיק, אַז מען וויינט איבער אים, האָט ער זיך מיט אַן אמת דערשראָקן, פאַרגעסן אָן דעם ווייטיק און זיך אויפגעשטעלט.

— קום, רחל, מיר וועלן צוגיין צום וואַסער, וועסטו מיר אָפּוואַשן דאָס בלוט, גוט? ווייַן נישט, מיר וועט גאָרנישט זיין! כ'האָב שוין געהאַט גרעסערע לעבער אין קאָפּ און ס'האָט זיך אויסגעהיילט.

— ביסט ברייז, זעליק?

— ניין!

— ווילסט מיר זאָלן אייביק זיין חבר?

— אוודאי וויל איך!

— זעסט, כ'האָב דיך אַזוי ליב — האָט רחל געזאָגט און געכאַפּט איר הענטל איבער דעם עלנבויגן אין מויל אַריין, פאַרקוועטשט די אויגן און אַ שטאַרקן ביס זיך געטאָן, אַז אַלע אירע ציינדלעך, פאַרלאָפענע מיט בלוט, האָבן זיך אַרויסגעפּרעסט.

זיי האָבן געשוויגן, זיינען געגאַנגען איבער די דיקע, טרוקענע צווייגלעך, וואָס האָבן זיך געבראָכן אונטער זייערע פיסלעך, זיינען געגאַנגען צו דער-וויסל.

רחל, ווי אַ קליינע מאַמע, האָט זיך גענומען פאַרען אַרום זעליקן. זי האָט אים אויסגעטאָן דאָס רעקל, דערנאָך האָט זי אַראָפּגעצויגן דאָס העמדל, זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מ'טאָר ניט קוקן אויף אַ נאַקעט יינגל, זי האָט גענומען איר ווייס פאַרטעכל, עס געטונקען אין קאַלט וואַסער און אַרומגעווישט זעליקן די וווּנד. זעליק איז געלעגן אויף אַלע פיר, ווי אַ פאַרווונדעט חיהלע, האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן און הנאה געהאַט, וואָס רחל פאָרעט זיך אַרום אים. און אַז זי האָט די וווּנד אַרומגעווישט, האָט זי אויסגעוואַשן איר פאַרטעכל, עס גוט אויסגעדרייט, אַרויפגעלייגט עס זעליקן אויף דער

וונד, זיך פאַרקליבן מיט אים צווישן קוסטעס, אין שאָטן, און אים געהייסן זיך אויסציען מיטן פּנים אויף איר שויס, אַז די וווּנד זאָל זיך עטוואָס צוטריקענען.

זעליק האָט אַלץ געפאָלגט און איז גלייך אַנטשלאָפן געוואָרן ביי רחלען אויפן שויס.

רחל האָט יעדע ווײַלע אונטערגעהויבן דאָס פאַרטעכל — געקוקט, צי די ווונד פאַרטריקנט זיך. די ווונד אָבער האָט געבלוטיקט, האָט רחלען פאַרקוועטשט אונטערן הערצל און זי האָט זיך שטיל צעוויינט. און אַ פאַרוויינטע, מיט רויטע פאַרלאָפענע אויגן, האָט רחל אויך איינגענורעט איר קעפּל צווישן די בלעטער און איז איינגעשלאָפן.

ד.



י בושליבע איז אַ גאַנצן פרימאָרגן ניט אָפּגעטראָטן פון איר נעסט — האָט געקוקט, ווי דאָס קליינוואַרג פּיקט זיך פון די אייער.

דער „ער" איז געווען צעטראָגן, האָט געשוועבט איבערן נעסט מיט מאָדנע אויסגעשרייען, געבראַכט יעדעס מאָל דער „זי" עפּעס אין מויל אַריין און געשפּרייזט אַרום דער סטאָדאָלע גיך, מיט אַן איינגעקאָרטשעטן האַלדז צווישן די פליגל.

די „זי" האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנעם „קליו-קליו".

דער „ער" האָט זיך צוגעזעצט, צעשפּרייט די פליגל

און געזעסן ביים נעסט. ער איז אויף אַ רגע ווי צעטומלט געוואָרן, געקוקט אויף דער „זי״, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט פאַרשעמט דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך געבעטן: אַז כ׳בין אויף מיין וואָרט ניט שולדיק. אַ קליין גענ־



דזעלע האָט זיך אַרויסגעקייקלט פון דער אויסגעגאָסע־נער שאָל פון אַן איי. דער בושעל האָט דערפילט, ווי אַליין אין אים נעמט זיך טרייסלען און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער „זי״, געפּליקט מיטן שנאָבל אירע פעדערן. די „זי״ האָט נאָך טיפער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך נאָך נענטער צוגערוקט צום „ער״ און זיך נישט געווערט. אַליין אין־איר האָט זיך געבעטן: שלאָג בעסער!

דער בושעל האָט אַ פּיק געטאָן דאָס קליינע גענדזל מיטן שנאָבל, עס געכאַפּט פאַרן קעפּל און עס אַ שלייַ־דער אַראָפּ געטאָן פון דער סטאַדאָלע. ער האָט גענומען צעוואַרפן מיטן שנאָבל און מיט די לאַפּעס דאָס נעסט, מער זיך נישט אומגעקוקט אויף דער „זי״, איז געשטאַ־נען אַ ווײַלע און אַוועקגעפלויגן.

די „זי״ האָט זיך אויסגעגלייכט, גענומען שאַרפן אָן די ציין פון דער בראָנע איר שנאָבל און געטראַכט, אַז זי איז אַ פאַרלווירענע, אַז דער „ער״ איז געפלויגן זי פאַרמסרן פאַר דער סטאַדע.

די „זי״ האָט אָיפגעהויבן איין פוס, גענומען שטאַר־קער שאַרפן איר שנאָבל אָן דער בראָנע און זיך צע־וויינט אויף איר שטייגער. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס איז נישט איר שולד, אַז אַן אומגליק איז איר געשען, אַז זי וועט זיי דערציילן, די עלטסטע פון דער סטאַדע... זי וועט זיי ווייזן די צוויי קינדער, עכטע בושעלעך, מיט רויטע לאַפּקעס און רויטע שנאָבעלעך... און זי האָט זיך ווידער צעוויינט.

* * *

זעליק מיט רחלען זיינען געזעסן אויף דעם פּליצ.

— דו ווייסט, רחל?

— וואָס?

— פון היינט אָן וועל איך קאָנען שווימען פּונקט ווי אַ קאַטשקע.

— ווי אַזוי?

— כ׳וועל זיך אויפשניידן די פינגער פון — — —

— זאָלסט עס נישט טאָן, הערסט, זעליק! כ׳וועל, אויף מיין וואָרט, אייביק מיט דיר זיין ברוגז, אייביק!

— אַז דו לאָזט נישט! הער מיך אויף־אַפּריער אויס!

— אַוודאי לאָז איך נישט!

— זעסט, כ׳וועל נעמען די הייטלעך פון געגרזענע לאַפּקעס, זיי אַריינמאַכן צווישן מיינע פינגער, זיי פעסט אַרומבינדן, ביז זיי וועלן זיך איינוואַקסן און דערנאָך...

— און בלוט וועט נישט גיין? — האָט אים רחל איבערגעריסן.

— אַוודאי וועט נישט גיין! אָפּעלאָ האָט מיך אויס־געלערנט זיך צעשניידן אַ פינגער מיטן שאַרפסטן מעסער און ס׳זאָל קיין בלוט נישט גיין, איר מאַמע איז דאָך אַ מכשפה!

— דו ביסט דאָך ברוגז מיט אָפּעלאָן?

— אַוודאי בין איך ברוגז! דו ווייסט, רחל, אָפּעלאָ האָט אַזאַ גראָז, אַז מען טוט עס אַ לעק, שלאָפט מען אַ גאַנצן מעת־לעת. גלייבסט נישט? אויף מיין וואָרט!

— האָט זי!

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן.

— זעליק, ס׳איז טאַקע אמת, אַז אַפּעלאָס מאַמע גייט אין שיף פון מענטשלעכע אָדערן?

— אַוודאי. דו ווייסט, אַפּעלאָס מאַמע קאָן ווערן אַ שטרוי אויך, זיך באַהאַלטן אין קלענסטן שפּעלטל! זי איז דאָך אַן אמתע מכשפה!

די שטילע ווייסל האָט זיך געבלעזלט. פון די בלעזלעך זיינען געוואָרן קרייזן. די קרייזן זיינען זיך צעוואַקסן, האָבן איינגעשלונגען איינער דעם צווייטן, זיינען געוואָרן גרעסער און גרעסער און די תמיד רויקע ווייסל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קרישטאָלענער שפּיגל, איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן, איינגעשלעפערט אַלץ אַרום.

אַ שוואַלב האָט דורכגעפלאַטערט, דערזען אין וואַסער נאָך שוואַלבן, האָט ער פון היימלעכקייט וועגן זיך אָפּגעשטעלט, איינגעטונקט דאָס שנעבעלע, און די ווייסל האָט זיך אויף דאָס ניי צעבלעזלט.

זעליק האָט דערציילט, אַז אונטערן „שוואַרצן שטיין", אין אַ גלעזערנעם פּאַלאַץ וווינט וואַנדע, די קייסערין פון דער ווייסל. זומער, אין די גרויסע היצן, ווען די ווייסל ווערט פלאַך, פאַרקלייבט זיך וואַנדע מיט אירע שוועסטער אויפן שטיין און פאַרנאַרן צו זיך קליינע קינדער. זי האָט שוין אים אויך דריי מאָל געוואָלט כאַפּן, האָט ער אָבער אַזאַ שפּרוך, אַז ער זאָגט אים, וואַקסט גלייך אויס אַ פייערדיקע רייף און זי קאָן צו אים נישט צו.

— זעליק, און צו וואָס דאַרף וואַנדע אַזוי פיל קינ־דער ?

— צו וואָס זי דאַרף זיי ? זי קושט זיי אַזוי לאַנג, ביז די נשמה גייט זיי אויס און דעמאָלט עסט זי אויף זייע־רע הערצלעך !

די קינדער האָבן דערזען, ווי אַ מחנה בושלען קו־מען אָן צופליען, לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער „קעמפּע" (אינדזל), וואָס געפינט זיך אין מיטן דער ווייסל.

— דאָס גייען זיי פּראַווען אַ חתונה — האָט זעליק געזאָגט און זיך געווענדט צו רחלען — קום, מיר וועלן צופאָרן מיטן שיפל.

זעליק האָט אָפּגעבונדן פונעם פּליט דאָס שיפל. רחל האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער פון די היימישע זעט זיי נישט, און איז אַ פריילעכע אַריינגעשפּרונגען אין שיפל.

רחל האָט געקוקט, ווי די קליינע קרישטאָלענע וועלן פאַלדעווען זיך, שלינגען איין איינער דעם צווייטן, בלענדן די אויגן, איז זי פריילעכער געוואָרן און אַרויס־געלאָזט אַ מאָרנעם קוויטש.

זיי זיינען אַרויס אויף דער „קעמפּע", אַרויסגע־שלעפּט דאָס שיפל און זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז.

די בושלען האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ האַלבן קרייז. אַן עלטערע פּאָר, ווי צוויי חשובע באַלעבאַטים מיט פאַרלייגטע הענט, האָבן געשפּאַנט אין מיטן קרייז. דער „ער"־איז געקומען צופליען, געהאַלטן דאָס טויטע גענדזל אין שנאָבל, עס אונטערגעטראָגן דער עלטע־רער פּאָר — נאַ, זעט !



די עלטערע בושלען האָבן דאָס געגדזל באַטראַכט, באַשמעקט, געוואָרפן מיט זייערע לאַנגע העלדזער, געגאָדערט אויף זייער שטייגער און צוויי בושלען זיינען אַוועקגעפלויגן.

באַלד זיינען די בושלען צוריק געקומען מיט דער „זי". די שלוחים האָבן מיט „קליו־קליאַ, קליו־קליאַ" איבערגעגעבן דער „זי"ס טענות. די בושלען האָבן זיך ווידער צעגאָדערט, זיך געקאָכט, אַרום פון קרייז. זיך צונויפגעשטופּט אין איין קופּע און פון דערווייטנס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ ברייטביינינק פאַרזעעניש מיט צענדליקער בויגיקע קעפּ שטייט אין מיטן דער וויסל און שרייט „קליו־קליו, קליאַ־קליאַ"! —

די בושלען האָבן אַרומגערינגלט די „זי”. דער „ער”
איז דער ערשטער צו, דערלאַנגט זיין ווייבל אַ פּיק גלייך
אין קאָפּ אַריין און פון אַלע זייטן האָבן זיך לאַנגע העל־
דזער מיט אָפענע שנאָבלס געטראָגן צו איר, פעדערן
האָבן זיך געדרייט אין דער לופטן און דער פויגל איז
צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך.

* * *

עס איז געוואָרן שפּעט. רחל איז געזעסן און גע־
וויינט, געוווסט, אַז זי מיט זעליקן זיינען אין אַלעם שול־
דיק. זעליק האָט זי אויפגעהויבן:

— קום, רחל, מיר וועלן אַהיים פאָרן.

זיי זיינען אַריין אין שיפל. שווערע וואָלקנס האָבן
זיך מיטאַמאָל געגומען שניידן פון דער וויסל, זיך
אַוועקגעשטעלט, ווי ווענט, ווי חורבות, און עס איז גע־
וואָרן שטאָק־פינצטער. אַ בליץ האָט אָנגעצונדן די
גאַנצע וויסל. רחל איז צעטומלט געוואָרן פון צופיל
ליכטיקייט, גאָר נישט געזען, פאַרגעסן, אַז זי איז אין
שיפל, און איז אויפגעשפּרונגען. האָט אַ קראַך געטאָן
אַ דונער, גלייך מען וואָלט שטיינערנע בערג צעריסן,
און ס'האָט אַ גאָס געטאָן אַ מבול.

רחל איז מער אין שיפל נישט געווען. זעליק האָט
אַראָפגעוואָרפן דאָס רעקל, געזוכט רחלען, זיך אַראָפּגע־
לאָזט אונטערן וואַסער — רחל איז נישטאָ.

די וויסל האָט געשטורעמט.

שוואַרצע וואַלן, ווי צערייצטע חיות, מיט שוים אויף

די מיילער, האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף די הינ־טערשטע פיס, גערעוועט, זיך געוואָרפן אויף זעליקן. און פון אַלע זייטן האָבן בליצן, ווי פייערדיקע סטענ־געס, אים געבלענדט די אויגן. דאָס שיפל איז שוין געווען ווייט פון אים, זיך געטראָגן אַליין איבער דער ווייסל. אַ וואַל האָט אים איינגעהילט, און זעליק האָט דערפילט, אַז ס׳ווערט אים גרינגער, האָט ער אָפּגע־לאָזט הענט און פיס און דערזען ווי אַ פּאַלאַץ מיט גריי־נע פייערלעך שווימט צו אים. וואַנדע, איינגעהילט אין ווייסלעכע בליצן, בלייבט הענגען אין דער לופטן. זי רופט אים צו זיך, ווייזט אים רחלען, שיקט צו אים בליצן, און די בליצן, ווי לאַנגע צונגען, ווערן אַלץ דינער. די בליצן קיצלען, קושן, ברענען, און זיין מאַמע שטייט איבער אים, קוועטשט ציטרין אויף צוקער און לייגט אים אין מויל אַריין. און מיט אַמאָל צעשפּרייט וואַנדע אירע וואַסערדיקע האָר, די האָר ווערן לענגער, וויקלען אים אַרום און, ווי דורך טויזנטער רינעס, שטראָמט וואַסער, פאַרלעשט די בליצן און ס׳ווערט אים אַזוי גוט, אַזוי גוט און ער שווימט.

# שווערע ווערטער

בּערלינקע — באַרזשע, שלעפּ־שיפל.
בראָנע — אַזאַ גראַבלע מיט אַ סך שפּיצן צו באַארבעטן די ערד.
גרגרת (גאַרגערעס) — האַלדז.
זשאָלדעווקע — אַ לויפנדיק וואַסער וואָס פאַלט אַריין אין ווייסל.
פּליט — אַ לאַסט־שיף.
סיטשן — נעצן, צו כאַפּן פיש.
סקאַלעס — שטיינער.
סטאָדאָלע — שייער.
סטעזשקע — אַן אויסגעטראָטענער וועג.
קראָקווע — באַלקן, אונטערצוהאַלטן דעם דאַך.
קרועה בלועה — אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן.
קין — שטיקלעך סמאָלנע האָלץ וואָס ברענען שטאַרק.
ראיה (ריאה) — דאָס זען.
שאַטקעס — געפלאָכטענע זעק צו האַלטן פיש נאָכדעם ווי מען כאַפּט זיי.



# צו די לייענער און שול־טוער


יטן אויפשטייג פון יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע, איז דער געביט פון קינדער־ליטעראַטור שטאַרק הינטערשטעליק געוואָרן. עס פעלן לערן־ און לייען־מאַטעריאַל פאַר קינדער.
דער פאַרלאַג „אַרגענטינער ביימעלעך" הייבט אָן אַרויסגעבן אַ גאַנצע סעריע ביכער פאַר קינדער און וויל דערמיט דעם בלויז, טיילווייז פאַרמינערן.

מיר הייבן אָן מיט י. אָפּאַטאָשוס „דער משפט", אַ דערציילונג וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוך־פאָרעם, אין 1922, דורכן פאַרלאַג „קולטור־ליגע" אין וואַרשע, און איז היינט ניט בנמצא אויפן ביכער־מאַרק.

יוסף אָפּאַטאָשו, וועלכער האָט בעת זיין באַזוך אין אַרגענטינע (אַפּריל 1952), וויזיטירט די היגע יידישע שולן, פון וועלכע ער איז זייער באַגייסטערט געוואָרן, האָט באַפולמעכטיקט אונדזער פאַרלאַג, אַרויסצוגעבן די דערציילונג „דער משפט", אין זיינער אַ נייער אויסבעסערונג, ווי אַ מתנה פאַר די היגע יידישע קינדער. ער האָט אונדז אויך צוגעזאָגט, גאָר אין גיכן צוגרייטן אַ צווייטן בוך דערציילונגען פאַר קינדער...

יוסף אָפּאַטאָשו, דער מייסטער פון יידישן וואָרט און וווּנדערלעכער קענער פונעם קינדס נשמה, שרייבט זייער לייכט און בילדעריש, פירט אַריין דאָס קינד אין אַ וועלט פון פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. זיינע נאַטור־בילדער זיינען געמאָלן ווי אויף אַ ליינוואַנט און פירן אַריין דאָס קינד אין אַ פאַרכישופטן ווונדערלאַנד. „דער משפט" איז איינע פון זיינע שטאַרקסטע קינדער־דערציילונגען, ווו ער מאָלט די נאַטור, שילדערט דעם לעבנס־שטייגער ביי יידישע פישער, דערציילט פון ליבע און פריינטשאַפט ביי זייערע קינדער, און די אבערגלויבנס מיט וועלכע זיי טראָגן זיך אַרום. בולט און בעסטיאַליש קומט אַרויס די אייפערזוכט ביי די בושלען...

מיר גלויבן און זיינען זיכער, אַז די יידישע לערער, שול־טוער און קינדער, וועלן אויפנעמען מיט אַ סך פאַרשטענדעניש אונדזער פאַרלעגערישע טעטיקייט און אונדז העלפן אויסברייטערן די אַרבעט.

פאַרן פאַרלאַג „אַרגענטינער ביימעלעך"

**זעליק מאַזור** רעדאַקטאָר

בוענאָס איירעס, יוני, 1952.

## פאַרלאַג „אַרגענטינער ביימעלעך"

**זעליק מאַזור** — „יאַסעלעס שטיפעריען" (קינדער־מעשהלעך), 1947.

**זעליק מאַזור** — „פאַרגעס מיך נישט", (קינ־דער־לידער מיט מוזיק), 1950.

**יוסף אַפּאַטאָשו** — „דער משפּט", (דערציי־לונג), 1952.

**„אַרגענטינער ביימעלעך"** — חודשלע־כער אילוסטרירטער קינדער־זשורנאַל, דער־שיינט אין בוענאָס איירעס, אונטער דער רע־דאַקציע פון זעליק מאַזור.

אַדרעס:

**ARBOLITOS ARGENTINOS**

SERRANO 436 BUENOS AIRES
ARGENTINA



Este libro se terminó de imprimir el día 19 de Junio de 1952 en los Talleres Gráficos
"O P T I M U S", S. R. L.
V. Gómez 2715/19
Buenos Aires

# (EL JUICIO)

## *Cuento para Niños*

—DE—



Editado por la revista
ARBOLITOS ARGENTINOS
SERRANO 436
Buenos Aires